

פאפירענע
שלאנגען
פון ווילהעלם בוש
יודיש פון טונקעלער

וױלהעלם בוש

# די פּאַפּירענע שלאַנג

פריי בעאַרבײַטעט אין יודיש

דורך

יוסף טונקעל.

פארלאג ברידער לעווין-עפשטיין און שותפים

וואַרשאַ 1921

געזעצט ביי י. וועבער און ש. פרוסאק ווארשא, לעשנא 6.

# די פּאַפּירענע שלאַנג.

שלאַנגען פון פּאַפּיר צו לאָזען
איז פאַר קינדערלעך אַ גליק.
אוי, איז דאָס אַ טייער שפּילכעל,
אַז איך זאָג אייך, אַן׳אַנטיק!

לאָזט מען אָט די שלאַנג צו פליען,
פליט זי אינדערהויך און פליט.
שלינגט זי פאָדים פונ׳ם קנײלכעל,
נאָך און נאָך — זי טוט און ציט.

פליט זי אינדערהויך אין הימעל,
טוקט זיך אין דעם בלויען רוים.
אָט — אַ פּינטעלע געוואָרען, —
מיט׳ן אויג צו כאַפּען קוים.

דאָך פאַר אונזערע קונדסים
לייב און יאָסעל — איז געווען
אַ פאַרשטערניש דאָס שפּילכעל,
ווי איר וועט דאָ ווייטער זען.

אין אַ זומער-טאָג אַ שײנעם,
בײַ אַ לינדען װינטעל-ריר,
האָט פאַרגלוסט-זיך לײב און יאָסלען
לאָזען שלאַנגען פון פּאַפּיר.

משה'לע, דעם שכנ'ס יונגעל,
האָט דערצו אויך חשק פיל;
שטײט ער צו צו דער קאָמפּאַניע, —
װיל אויך שפּילען אין דעם שפּיל.

מאַכט מען זיך די שײנע שלאַנגען,
אויסגעמאַיסטערט פון פּאַפּיר.
נעמט מען שפּינדעלעך מיט פאָדים,
און מען לאָזט זיך אויף שפּאַציר.



גייט מען זיך אַזוי אין דרייען,
אָנגעגורט – ווי מיט געווער —
מיט די שלאַנגען, שפּינדלעך פּאַדים,
טאַקע גאָר ווי מיליטער! —



גייען זיי פאַרביי אַ גאָרטען,
זעען זיי: דאָרט ביי דעם צוים,
צו דער גאַס אַרויסגעבויגען,
וואַקסט אַ שיינער עפּעל-בוים.

רופט אויס יאָסעל: „עי, חברים!
זעט נאָר עפּעלעך, ווי שען!
נאָ'מיר, קינדער, רייסען עפּעל!"
ענטפערט משה'לע: „אָ ניין! –



מ׳טאָר נישט רייסן פרעמדע פּרות·
– איך וועל בעסער גיין מיין גאַנג;
איך וועל גיין אין פעלד
זיך שפּילן,
לאָזן פליען דאָרט מיין שלאַנג״.



אָבער לייב — ער איז אַ שייגעץ,
ער באַשטייט אויף יעדער זאַך –
שטעלט זיך יאָסעל אויף זיין רוקן,
רייסט · אָן עפּלעך אַ סך.

האָט ער עפּעל פולע היפּענס;
גייט און עסט מיט אַפּעטיט,
עסט אַן׳עפּעל נאָך אַן׳עפּעל,
לייב׳ען אָבער גיט ער ניט.



– „עי, אליין גאָר אויפצופּרעסן!?
דאָס איז, ברודער׳ל, אַזאַ!״ –
און ער לאָזט אַראָפּ פון הינטען
יאָסלען אַ שטורכאַץ מיט כּעס.



פּאַלט-אום יאָסעל אויסגעצויגען
אויף דער ערד. נאָר אויגענבליק –
און ער שטייט שוין. טראַך! עס פליט שוין
לייב'לען א שטוסאק צוריק.



דאָ צעברענט זיך אַ מִלחָמה!
יעדער שלאָגט־זיך ווי אַ ריז;
פון אַ שלאַנגעל ווערט אַ פאַנצער,
פון אַ שפינדעל ווערט אַ שפיז.



וואַרפט זיך יאָסעלע — ווי אַ גִבור,
אויף זיין שונא. פוּך! — אַ שטאָך!
טרעפט ער לייב'ען גלייך אין בייכעל,
מאַכט אים דאָרטען שיר אַ לאָך.



װיל דאָך אָבער לייב נישט שװייגן –
טוט ער ראַפּטום זיך אַ לאָז
מיט זיין פּיקע–פּוך! – אַ טאָרע! –
טרעפט ער יאָסלען גלייך אין נאָז.



קלאפּט מען זיך אזוי די זייטען, –
דער אַבוכץ און דער אַזעץ;
איינגעשצעמעט אין די נעזער –
און מען רייסט זיך, ווי די קעץ!



פאַלט מען אויף דער ערד אינאיינעם,
איינגעפּלאָנטערט, ווי אַ קנויל.
וואַרפען מיט די הענט און פיסלעך –
אַ מלחמה, אַזש אַ גרויל!



און דערווײַל אין שָבֶב׳ס גאָרטען
גייט דער שומר זיך ארום,
גייט און קוקט אין אַלע זייטען –
ער גיט אַכטונג אומעטום.

פּלוצלונג בלייבט ער שטיין פאַרוואונדערט
בײַ דעם עפּעל־בוים, בײַם צוים:
„האָ? ווער האָט עס דאָ די עפּעל
אָפּגעריסען פון דעם בוים?!“



כאַפּט ער גיך דאָס לאַנגע בײַטשעל,
לאָזט זיך לויפֿען אײנס און צװײ —
ער װעט כאַפּען די גנבֿים,
װעט זײ זײַן אַז אָך און װײ!



זעט ער יונגעלעך זיך ראַנגלען,
און די עפּעל ביי דער זייט —
הויבט ער אויף דאָס לאַנגע בייטשעל
און פאַרשאָבט די פיינע לייט.



– „נאַט אייך עפּעל! נאַט אייך עפּעל!" –
שרייט דער שומר פונ'ם סאָד.
און דאָס בייטשעל פּאָכעט, שווישטשעט,
שנייט דאָס לייב און באַקט און ברוסט.



כאפען זיי זיך אויף, די שטיפערס,
מיט א יאָמער און געשריי;
כליפען, שלוכצען, גיסען טרערען,
אז עס טוט זיי נעבעך ווי...



אויפגעזאמעלט האָט דער שומר
גאָר די עפּעל פון דער ערד
און ער גייט אהיים צופרידען —
ר'האָט דעם הזק אומגעקערט.



שטייען זיי, די שטיפערס, קלאָגען:
ס'איז זיי נעבעך גישט באַשערט
פון די שלאַנגען נַחת האָבען...
אַך, דאָס שפּיל איז זיי פאַרשטערט!

און פון־ווייטען שפּילט זיך משה'ל,
שפּילט זיך אין דעם פרייען פעלד –
און זיין שלאַנג פליט הויך, אַ חיות!
משה'לע – ער, לאַכט און קוועלט.



דער

# הען־נעסט



פון ווילהעלם בוש

יודיש פון ע. ווקשלען

נאָטעל און מאָטעל



פון ווילהעלם בוש

יידיש פון טונקעלער

יאָפּעלע מיט די גענז



פון ווילהעלם בוש

יידיש פון טונקעלער